103.

גאלדפאדענס טעאטער מאגאזין.

די

# באבע

מיט דעם

# אייניקעל

מעלאָדראַמע אין 3 אַקטען מיט געזאַנג

פערפאסט פון

## אברהם גאלדפאדען

(די מוזיק, די קאָסטיומען און די דעקאָראַציאָנען צו דער פיעסע זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון דעם פערפאַסער).

---

פערלאג י. לידסקי בוכהענדלער, ווארשא נאלעווקי 32.

ווארשא. תרס"ה.

דרוק ש. ב. לאנדא, נאלעווקי 38.

Еврейскiй театръ Гольдфадена.

БАБУШКА СО ВНУЧКОЮ

Сочиненiе

Авраама Гольдфадена.

ВАРШАВА 1905.

Типографiя Ш. Б. ЛАНДЕ, Налевки № 38.

גאָלדפאַדענס טהעאַטער מאַגאַזין.

די

# באָבּע

מיט דעם

# איינעקיל

מעלאָדראַמע אין 3 אַקטען מיט געזאַנג

פערפאַסט פאָן

## אברהם גאָלדפאַדען

(דיא מוזיק, דיא קאָסטיומען און דיא דעקאָראַציאָנען צוא דער פּיעסע זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון דעם פערפאַססער).

---

פערלאַג י. לידסקי בוכהענדלער, װאַרשא נאַלעװקי 32.

װאַרשא. תרס"ח.

דרוק׳ ש. ב. לאנדא, נאַלעװקי 38.

---

Еврейскій театръ Гольдфадена.

БАБУШКА СО ВНУЧКОЮ

Сочиненіе

Авраама Гольдфадена.

ВАРШАВА 1905.

Типографія Ш. Б. ЛАНДЕ, Налевки № 38.

# פערזאנען

באנציע. איין אלטע יודנטע פֿון א יאהר 70

אדעלע. איהר איינקעל א יונג מיידעל פֿון א יאהר 18

איגנאץ. דער לעהרער אדעלעס געליבטער

טוביה שמעיה. דער שרײַבער

א קאהר פֿון ארץ ישראל יודען.

# ערשטער אקט

טוביה שמעיה (שטעהט נעבין טיש אונ לעשט אויס דיא הבדלה אין דעם בראנפין, ער טינקט איין זיינע מינדעסטע פינגער אונ רייבט זיך דיא אויגין — באנציע טהוט איהם דאס זעלבע נאך מיט א פרומער מינע, טוביה שמעיה געהט ארום איבערין צוממער אונ זינגט: אמר ה׳ ליעקב איין סטראפע אין לשון קודש אנ איין סטראפע אין יודישען)

**טוביה שמעיה** אַ גוטע וָאך, אַ גוּטֶע וָואך, בָּאנְצָיע! אַ מָזעלְדִיגֶע וָאך, אַיך אונ אוּנְז אַלֶלֶע!

**באנציע** אַ גוּטֶע וָואך אַיך, אוּנ אוּנְז אַלְלֶע אוּנ כָּל יִשְׂרָאֵל!

**טוביה שמעיה** נָא באנציע, אִיךְ מוּז אַוֶועק פָאהְרִין קֵיין סאדוגערא מִכֹּחַ דֶעם שִׁדוּךְ פוּן אַיֶיער אֵיינִיקֶעל אדעלע, נִים אִיהר מִיר דֶעם כֹּחַ הַרְשָׁאָה אַז אִיךְ מֶעג מִיךְ מִיט דֶעם מְחוּתָּן אָנְפֶּערְשְׁטֶעהֶען, מִיר דַאכְט, אַז אִיהר וֶועט נִיט שְׁטָעהְן אִין מֶעהר עֶטְלִיכֶע קֶערְבְּלִיךְ אַבִּי אַיין עֶהְרְלִיךְ קִינְד פוּנְם רֶעבִּינְס מִשְׁפָּחָה.

**באנציע** יָאה, יָאה, ר׳ טוביה שמעיה, אִיהר מֶעגְט אַלְלְדִינְג

אָפְּמאכִין אונְטֶער דיא אוינְין, וויא איךְ וואָלְט אַלְלֵיין דאַבַּייא גְעוועֶן. איהר וועֶט דאָךְ איין עֶהרְלִיכֶער יוד – איהר מאָגְט דאַרְטִין אָפּ מַאכִין דיא תְּנָאִים! –

**טוביה שמעיה** יאָ, זַייט זְשֶׁע מִיר גְעזוּנְד!

**באנציע** פָאהרְט גֶעזוּנְד, מִיטֶען רֶעכְטִין פוס. דֶער אויבֶּערְשְׁטֶער זָאלְל גֶעבִּין סְ'זָאלְל זַיין מִיט מַזָּל אונ מִיט הַצְלָחָה! –

(טוביה שמעיה געהט אַוועק)

**באנציע** (אַלְלֵיין) פָאהרְט גֶעזוּנְד, אוי, אוי, דָאס אִיז אַיין עֶהרְלִיכֶער יוּד, הַלְוַאי מַיינֶע אַיינִיקְלֶעךְ זָאלְלִין מִיר זַיין אַזוֹיא!

(זיא נעמט דעם טאָפּ אונ זעצט זיך פּליקען פעדערין)

**אדעלע** (קומט אריין מיט אביכיל אין דער האַנד) אַ גוּטֶע נאַךְ דִיר באבונֶיא! –

**באנציע** אַ גוּטֶע נאַךְ דִיר, אדעלע! וואו בִּיזְטוּ גֶעוועֶן? וואָלְסְטוּ גֶעהֶערְט הבדלה מַאכִין! – הָאסְט שׁוין גֶעזָאגְט גָאטְט פוּן אַבְרָהָם? –

**אדעלע** אַי באבוניא, וויא קוּמְט דָאס וואָס דוּא פְּלִיקְסְט אויף דֶער פוּלֶער נאַךְ פֶעדֶערִין?

**באנציע** אַ מִצְוָה זַאךְ, אדעלע. דָאס וועֶט זַיין אָנְשִׁיטֶען צוּ בֶּעטְגֶעוואַנְד אויף דַיין חֲתוּנָה, מַיין לִיב קִינְד, בַּיין חוּפָּה זָאלל איךְ דֶערְלֶעבִּין! –

**אדעלע** ווידֶער רֶעדְסְטוּ מִיר פוּן חֲתוּנָה הָאבִּין? – ווייסְט דָאךְ וואויל אַז אִיךְ הָאבּ דָאס נִיט לִיבּ צוּ הֶערִין!

**באנציע** אַי אדעלע, אדעלע, זִינְדִיג נִיט! ווען דיר זָאלל זַיךְ

חָלוֹמ'ן אַזוינָע חַלוֹמוֹת וַואס מִיר וָואלְסְטוּ אַנְדֶערְש גֶערֶעדְט —
אֵיין עֶרְלִיךְ קִינְד בֹאַרְף מֶען זַיין!

הֶער אוּיס, מַיין קִינְד, סְ'אִיז דָאךְ נַארִישׁ חָלֶעבִּין
דוּא מֶעגְסְט דִיר זַיין, וִויא זָאגְט מֶען: אַמַאמְזָעל נָאנְץ פֵיין
אוּנ פוּן וָואס דוּא ווִילְסְט דִיר נִיט הַאלְטֶען, נִיט גְלוּיבְּען.
אָבֶּער אוּיף דֶעם וֶועסְטוּ מִיר אַלֵיין מוֹדֶה זַיין,
אַז פַאר אַ חָלוֹם הָאט מֶען זִיךְ טַאקִי צוּ שְׁרֶעקִין,
עֶפֶּעס אֵיין אֶמֶת מוּז דָאךְ דָארְט פָארְט שְׁטֶעקִין:
אָט וֶועל אִיךְ דִיר בַּאלְד דֶערְצֶעהְלִין, מַיין קִינְד,
אִיךְ גִידֶענְק אִיהם נָאךְ וִויא אַצִינְד,
אַ חָלוֹם אַז אוֹי — וֶוען אִיךְ וִויל אִיהם בְּרֶענְגֶען פַארִין מוֹיל
נֶעהְמְט מִיר אִיבֶּער, אִיבֶּער דֶעם לַייב אַזְשֶׁע אַגְרוֹיל!

אִיךְ גִידֶענְק, דָאס אִיז נָאךְ כִּמְעַט אַזוֹיא וִויא הַיינְט
עֶרֶב פֶּסַח אִיז דָאס גִיוֶוען בַּייא נַאכְט 12 אַ זֵייגֶער,
אִיךְ הָאבּ זִיךְ דֶעם טָאג אָנְגֶעהָארֶעוֶועט, להבדיל וִויא אַ בּוֹיעֶר,
בִּין אִיךְ וִויא אַטוֹיטֶער צוּגֶעפַאלִין צוּ דֶעם גִילֶעגֶער,
אִיךְ וֶוער אַנְטְשְׁלָאפִין גִישְׁמַאק — אוּנ מִיר חָלוֹמְט זִיךְ אַזוֹיא:
אִיךְ בִּין גִישְׁטָארְבִּין — אוּנ דֶער מלאך אִיז גִיקוּמֶען צוּ יָאגֶען
אוּנ הָאט מִיךְ אוּיפִין הִימֶעל אַרוֹיפְגֶעטְרָאגֶען....
אִיךְ גִיבּ אַקוּק פַאר זִיךְ, אַ רֵיינֶער זוּיבֶּערֶער טַייךְ...
אוּנ אַרוּם אִיהם שְׁטֶעהֶן דַייטְשְׁלֶעךְ אַ סַךְ
קוּרְצֶע, לַאנְגֶע, גְרָאבֶּע, אָנְגֶעטְהוּן אִין שְׁוַוארְצֶען,
פְּלוּצְלוּנְג — אוֹי, סְ'הָאט מִיךְ פֶערְחַאפְּט בַּיים הַארְצֶען —
אִיז צוּ דֶער מלאך דומה כִּים אַווִילְד גֶעשְׁרַייא,
אוּנ הָאט אַזַא רִים גֶעטוּהְן דִיא קְלֵיידֶער פוּן זַייא

אז ער האט זיא אראפּ געריסען אין איינעם מיט דער הויט
אונ זייא זענען אללע געבּליבּען שטעהן רויט ....
דערנאך איז ער ווידער מיט זיין שווערד צו געלאפען
אונ דיא פּיס אין קעפּ פון זייא אראפּ גענומען
אונ וויא ער האט זייא אין טייך אריינגעווארפען
זענען באלבּעלעך פון אויוועז ארויף געשווימען
עס האט ניט געדויערט קיין עטליכע מינוט
אין דער טייך רויט געווארין פון גאללע בּלוט ...
איך פרעג דעם מלאך — וואס דאס בּעטייט ?
דאס — ענטפערט ער — זענען דיא פערשיטע לייט!
וואס האבּין ניט געהאלטען פון יודישקייט
זייערע קעפּ זענען שטענדיג אהן היטלען געווען
אונ זייערע פיס פלעגען קיין מאהל אין שול אריין ניט געהען?

נא, נא, זאג איך — רבש״ע אודאי איז רעכט
דוא בּיזט גערעכט, אונ דיין משפּט איז גערעכט! —

איך פּאספּעוע נאך ניט דאס ארוים צו זאגען
איך גיב אקוק — אוי, אדונער האט מיך דערשלאגען! —
טאקי דיא איינענע בּיימשלעך, זייא לעבּען שוין ווידער,
נאר זייא ליגען אונ מ'ציהט זייא אויס דיא גלידער...
אונ וואס האט מיך נאך מעהר געוואונדערט אויף זייא,
וואס זייערע לייבּער זיינען געוועזין טיים וויא שנייא
ארום זייא שטעהען א סך יודענעס אונ ווייבּער
מיט אייזערנע שפּיצעס שטעכין זייא, זייא דיא לייבּער,

דאס — זאָגט דער מלאך — איז זייא דערפֿאַר געקומען
ווייל זייא האָבען נקבות בייא דיא הענד אָנגענומען!....

נאָ, נאָ, טראַכט איך — רבש״ע אודאי איז רעכט
דוא ביסט גירעכט, אונ דיין משפט איז גערעכט! —

עס האט נישט געדויערט אַזוי וויא איך בייד דאָ מיט דיר
איך גיב אקוק — אוי, אַ ווייטעג איז מיר! —
מאַכי דיא אייגענע דייטשלעך שטעהען אַללע אוים געצווינגען
דיא מיילער אָפֿען — צו געמאַכט דיא אויגען
אונ דער אייגענער מלאך קומט אַללע מאָהל צו געהען
אונ וואַרפט יעדען אין מויל אַריין אַ צונגליהעטען שטיין,
אונ אין דיא בייכער האָט געזאָטען — אונ וויא אַ חמאַרע
האט געשעצט פֿון דיא מיילער דיא געדיכטע פאַרע
ווייל זייא האָבען — זאָגט דער מלאך, פֿון גוטע יודען געשפעט
אונ האָבין מיט זייערע מיילער נוול־פה גערעדט!....

נאָ, נאָ, טראַכט איך — רבש״ע אודאי איז רעכט
דוא ביסט גערעכט, אונ דיין משפט איז גערעכט! —

שטעה! זאָגט דער מלאך, ווערסט נאָך עפּיס זעהען,
איידער איך וועל מיט דיר אין גן עדן אַריין געהען
וועל איך דיר ווייזען נאָך אַ שענערע זאַך
דוא זעהסט דאָרט אַ פֿייער קוק זשע גלייך,
איך גיב אַ קוק — אַיין אויוען — מאַטע געטרייער,
אונ אין איהם האַט געברענט אַ גיהנם פֿייער

אינוועוֶנדִינ שְׁטֶעהֶען טֶעפְּלָעךְ אַלֶלֶע צוּ גְלִיהְם
פָאַרְלֶעכְוֶויז שְׁטֶעהֶען זַייא — אוּנ אִין זַייא זִידְט
דָארְט פְּרֶעגֶעלְט זִיךְ פוּן יוּנְגֶע נְשָׁמָהלֶעךְ דִיא קֶעפְּלֶעךְ
אוּנ וַוארְפֶען זִיךְ, אוּנ קְוִויטְשֶׁען אַרוֹיס פוּן דִיא טֶעפְּלָעךְ...
אָט דִיא פָאַרְלֶעךְ, זָאגְט דֶער מַלְאָךְ, אִיז אַ זָכָר מִיט אַנְקֵבָה
זַייא זֶענֶען דַוְקָא קֵיין מַאן אוּנ ווַייבּ גֶעוֶועזֶען
נָאר בַּיים לֶעבֶּען הָאבֶּען זַייא גֶענוּמֶען אַ טֶבַע
צוּ שִׁישְׁקֶען זִיךְ אוּנ סוֹדֶען זִיךְ קֵיינֶער זָאל נִיט זֶעהֶען! —

נָא, נָא, טְרַאכְט אִיךְ — רבש"ע אוודאי אִיז רֶעכְט
דוּא בִּיסְט גֶערֶעכְט, אוּנ דַיין מִשְׁפָּט אִיז גֶערֶעכְט! —

אַצִינְד, זָאגְט דֶער מַלְאָךְ, וֶועלִין מִיר אִין גַן עֵדֶן גֶעהֶען
דָארְט וֶועסְטוּ שׁוֹין פְרֵיילִיכֶערֶע זַאכֶען זֶעהֶען.
אוּנ וִויא עֶר הָאט מִיךְ פַאר דֶער הַאנְד גֶעטְהוּן אַשְׁלֶעפּ
חַאפּ אִיךְ זִיךְ אוֹיף.. טָפָא צוּ מַיינֶע "יִינְאִים'ס קֶעפּ!
שְׁטֶעהְט דִיא מַאמֶע — אוּנ נֶעמְט מִיךְ צוּם שְׁטְרָאפֶען
פַאר וָואס אִיךְ בִּין זִיךְ אַזוֹי שְׁפֶּעט פֶערְשְׁלָאפֶען
וֶוען אַלֶלֶע ווַייבֶּעלֶעךְ זֶענֶען שׁוֹין אִין שׁוּל פוּן לַאנְג. —
שְׁטֶעלל דִיר פָאר, וִויא מִיר הָאט דָאס גֶעטְהוּן בַּאנְג,
סְטַייטְ'ש, וֶוען דִיא מַאמֶע זָאל נִישְׁט גֶעוֶועזֶען קוּמֶען צוּ גֵיהְן
וָואלְט אִיךְ שׁוֹין לַאנְג אִין גַן עֵדֶן גֶעוֶועזֶען,
נָאר דֶערְוַוייל זֶעהֶן מִיר אַרוֹיס אַז דִיא רְשָׁעִים
וֶוערִין טַאקֵי אֶמֶת בֶּעצָאהְלְט פַאר זֵייעֶרֶע חַטָאִים
אוּנ דִיא פְרוּמֶע קוּמֶען טַאקֵי אִיבֶּער בְּשָׁלוֹם
יָא — טַאקֵי נָאר אַיין אֶמֶת בֶּעוַוייזְט דֶער חָלוֹם! —

**אדעלע** הֶער נָאר אוים, באבוּניא, לָאמִיר נָאר בַּאקְלֶערִין
אוּנ וִויא אַזוֹיא סְ'וֶועט גְלַאבֶּער זַיין וָועלַין מִיר הֶערִין
וַוייסֶען וַוייסְטוּ אַז אִין הַיינְטִיגֶער צַייט
זָענֶען אוֹיךְ דָא אַסַךְ קְלוּגֶע לַייט,
אַ סִימָן הָאסְטוּ, אַז הָאבֶּען זַייא דֶערְקְלֶערְט
אַז אַוָואגֶען פָאהְרְט מִיט דַאמְפְּף אָהן פֶערְד,
אוּנ דֶעם טֶעלֶעגְרַאף! — אַז דוּרְךְ אַדְרָאט
רֶעדְט פוּן דֶער וַואטֶענְס אַשְׁטָאט מִיט אַשְׁטָאט;
אַ טְהֵייל וַוייסֶען אוּנ קוּקֶען אוֹיף דִיא שְׁטֶערֶען
אַזוֹינֶע מֶענְטְשִׁין מֶעגִין מִיר גְלוֹיבִּין אוּנ הֶערֶען
אַזוֹינֶע חֲכָמִים אוּנ אוֹיךְ פוּן דֶער גְמָרָא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז סְ'אִיז אַסְבָרָא
אַז אַחָלוֹם אִיז — דָאס וָואס מְ'הָאט בַּאטָאג גֶעטְרַאכְט
שְׁטֶעלְט זִיךְ דָאס אֵייגֶענֶע פָאר בַּייא נַאכְט
פֶערְשְׁטֶעהט זִיךְ — נִיט אַזוֹי פוּנְקְטְלִיךְ אַבִּיסֶעלֶע ווִילְדָער
נָאר מִיט דִיא אֵייגֶענֶע פַארְבֶּען, מִיט דִיא אֵייגֶענֶע בִּילְדָער
אָט וֶועל אִיךְ דִיר בֶּעווייזֶען וֶועכְטוּ זֶעהן אַלֵיין,
דוּא זָאגְסְט, אַז דָאס אִיז ערב פסח גֶעוֶועזֶען,
זֶעהְר גוּט, נוּא גֶעדֶענְקְסְטוּ דֶעם טַייךְ,
וָואס אַרוּם אִיהם זָענֶען גֶעשְׁטַאנֶען דַייטְשְׁלֶעךְ אַסַךְ
קוּרְצֶע, לַאנְגֶע, גְרָאבֶּע, אִין שְׁוַוארְצֶע ווִיא דִיא טֶעפּ
אוּנ דֶער מלאך הָאט זַייא גֶעשְׁנִיטִין דִיא פִּיס אוּנ דִיא קֶעפּ
אוּנ הָאט פוּן זַייא אָבְּגֶעריסֶען דִיא קְלֵיידֶער מִיט דֶער הוֹיט
אוּנ הָאט זַייא גֶעוָוארְפֶען אִין טַייךְ, עֶר אִיז גֶעוָוארִין
בְּלוּט רוֹיט

**זֶעהר שֵׁיין, באבוּניא, ווארְט נָאר אַקָארְשְׁט:**

דֶער מלאך מִיט דֶער שְׁוֶוערְד דָאס בִּיזְטוּ אַלְלֵיין,
בְּשָׁעַת דוּא הָאסְט גֶעשְׁטֶעלְט דֶעם פֶּסַחְדִיגֶען בָּארְשְׁט
אונ פון דיא בָּארֶעקֶעס — דָאס זֶענֶען דיא דייטְשְׁלֶעךְ
גֶעוֶוען .... —

הָאסְטוּ דיא קֶעפְּלֶעךְ אונ דיא פִּיכְלֶעךְ אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען
אונ אַז דוּא הָאסְט פון זֵייא אָבְּגֶעשָׁאבֶען דיא הויט
פְּלֶעגְסְטוּ זֵייא אִין פֶּעסִיל וואסֶער אַריינְשִׁיטֶען
אונ דֶער בָּארְשְׁט אִיז צוּוַדַאי גֶעוָוארִין בְּלוּט רויט ....
אונ דָאס וָואס מִיהָאט מִיט שְׁפִּיצֶען גֶעשְׁטָאכֶען דיא לַייבֶּער
דָאס הָאבֶּען מַצּוֹת גֶערֶעדֶעלְט ווייבֶּער ....
אונ דיא מַיילֶער מִיט דיא שְׁטֵיינֶער קֶענְסְטוּ שוֹין אַלְלֵיין
פֶּערְשְׁטֶעהְן
אַז דוּא הָאבְּסְט גֶעכַּשֶׁרְט פֶּעסְלֶעךְ מִיטִין כַּשֶׁר שְׁטֵיין
נוּר זֶעהסְטוּ, באַבּוּניא, אָט פון דֶעם, פון יֶענֶעם! ....
פון דיא נְשָׁמה׳לֶעךְ וָואס הָאבֶען זִיךְ גֶעפְּרֶעגֶעלְט אִין גיהנום
זָאלְלְסְט מִיר אַצִינְד חָאמְ׳שׁ אֵיינְס צוּ שְׁטֶעלִין פון יֶעדֶען
וָאלְט אִיךְ דיר יָאה, אָנְגֶעווינְשְׁט דֶעם לִיכְטִיגֶען גַן עדן ...

**באַנציע** חַא! חַא! דיא קוּגֶעלֶעךְ מֵיינְסְטוּ? אָה הָאסְטוּ מִיר גוּט פּוּתר חַלוֹם גֶעוֶוען אָ דֶער פַּאר וָואס דוּא שְׁפֶּעטְסְט פון חלומות וֶועל אִיךְ דיר שוֹין מֶעהר נִישְׁט דֶערְצֶעהלֶען

**אדעלע** וָואס דֶען באַבּע, הַיינְט מוּכְטוּ ווִיסֶען אִיז אַפְּרַאקְטִישֶׁער וֶועלְט, וֶוען יֶעדֶער זָאלל זִיךְ וֶועלִין צוּ הֶערִין וָואס עֶס גֶערֶעט פָאר אִין דֶער ווירְקְלִיכְקֵייט, וָואלְט מֶען גֶעזֶעהְן אַז דָאס אִיז נָאךְ שֶׁענֶער אונ אִינְטֶערֶעסאַנְטֶער פון דיא חלומות — אָט זֶעהסְטוּ, באַבּוּניא, אִיךְ הָאבּ דִיר גוּט

פותר חלום גֶעוֶועזֶין – אַנָא פְרִיוו מִיר נָאר עֶנְטְוֶוערִין אויף
דָעם וָואס אִיךְ וֶועל דִיר פְרֶעגִין – וָועהסְטוּ באבוניא, דוא
טֵילְקְסְט מִיט מִיר מְהוּן צַ שִׁדוּךְ פון טייטֶען, וָואס נִישְׁט
דוא, נִישְׁט אִיךְ קֶענֶען דֶעם חָתָן, אונ נִישְׁט דֶער חָתָן
קֶען דיך אונ מִיךְ – פְרֶעג אִיךְ דיך קֶענְן אִיךְ מִיךְ
פֶערְבִּינְדֶען מִיט אַ מֶענְשִׁין וָואס אִיךְ ווייס נִיט וָואס פַאר
אַ מֶענְשׁ עֶר אִיז? וָואס פַאר אַ פָּנִים, אַכַאראַקְטֶער
עֶר הָאט?

**באנציע** וָואס טויג מִיר זַיין פָּנִים, מֶענְשׁ, שְׁמֶענְשׁ, שְׁמַראַקְטֶער,
גֶענוּג אִיז צוּ ווִיסֶען אַז עֶר אִיז אֵיין עֶהְרְלִיךְ קִינְד, אוּנ
קֶען לֶערְנֶען, אוּנ אִיז פוּנ'ם רַבִּינְס מִשְׁפָּחָה אַלֵיין
אַ דָאס אִיז גֶענוּג פַאר מִיר! –

**אדעלע** פַאר דִיר אִיז גֶענוּג! – וָואס הֵייסְט פַאר דִיר?
דוּא דַארְפְסְט דֶען מִיט אִיהם לֶעבִּין? – אִיךְ דַארְף
מִיט אִיהם אָפְּפִיהְרֶען מַיין וֶועלְט, דַארְף אִיךְ זֶעהְן עֶר
זָאל זַיין גוּט פַאר מִיר! –

**באנציע** הֶערְסְטוּ וָואס דֶען זָאג אִיךְ דִיר – אַז אַזַא אֵיין עֶהְרְלִיךְ
קִינְד וֶועט זַיין גוּט אִי פַאר דִיר אִי פַאר מִיר – דוּא
וֶועסְט הָאבֶּען אַחָשׁוּב בָּחוּרִיל ווָאס אַלֶע ווייבֶּער וֶועלִין
דיך מקנא זַיין, אוּנ אִיךְ וֶועל דֶערְפַאר הָאבֶּען דֶעם
לִיכְטִיגֶען גן עדן אויף יֶענֶער וֶועלְט, עֶר וֶועט
זָאגִין נָאךְ מִיר קדיש, עֶר וֶועט לֶערְנֶען פַאר מִיר
אַ פֶּרֶק משניות! –

**אדעלע** אַזוֹיא באבוניא! אַבִּי דוּא בַּאוָוארֶענְסְט זִיךְ דִיר זָאל
זַיין גוּט אויף יֶענֶער וֶועלְט, זָאלְסְט הָאבִּין דֶעם לֶעבְּטִיגֶען

ע עדן, אונ מיך ווילסטו גאר ניט בעוואָרענען, אז איך וועל דערוויילּ דער אויף דער וועלט האבין דעם גהינום — דוא האסט אפילו רעכט וואס דוא ווילסט דיר באוואָרענען יענע וועלט נייל דוא ביסט שוין אלט, שטעהסט שוין מיט איין פוס אויף יענער וועלט, אונ איך בין ערשט ארויף מיט איין פוס אויף דער וועלט, איך וויל נאָך לעבין באבוניא! —

**באנציע** אי אדעלע — זינדיג ניט אדעלע דוא זעהסט אז זייט דוא האסט זיך אָנגעהויבען צו פיהרען אויף דייטשערשע גענג אונ ריידען אזוינע זאכין וואס מען טאר ניט, האלט זיך בייא אונז אין שטוב א נישט גוטער ער קלאפט בייא נאכט אונ רייסט אָפּ דיא מזוזות, מיר דאכט אז מאיר בעל נס פישקע האט ער אויך אוועק גענאנוועט אונ דוא אליין רעדסט פינם שלאף — זינדיג ניט אדעלע! מהו וואס עלטערע מענטשן הייסין דיר, דערפאר אז גאטט וועט העלפין איך וועל דיר בשלום חתונה מאכין וועלען מיר אלע פאָהרין קיין ארץ ישראל — וועסטו נישט וועלין — וועל איך אליין פאָהרין כדי מיינע ביינער זאלין זיך ניט דארפין קאטשען אז משיח וועט קומען. —

**אדעלע** זעהסטו באבוניא, אונ איך וואָלט בעסער געוואָלט פאָהרען קיין פאריז,

**באנציע** וואס איז דאס? —

**אדעלע** אויך אשעהנע שטאדט!

**באנציע** איך וויא ארץ ישראל ? — דָארְט איז אויך דָא דָאס בית המקדש ! מִיט דֶער מערת המכפלה , מִיט ר' מאיר בעל נס פִּישְׁקֶעס קֶבֶר ?

**אדעלע** זֶעהסְטוּ באבוניא דיךְ צִיחט אַלְץ צו זֶעהן קברים , אוּנ מִיךְ צִיהט צו זֶעהן לֶעבֶּענְדִיגֶע מֶענְשֶׁין ! —

**באנציע** וָואס מִיר מֶענְשֶׁין ! — וָואס דֶערְצֶעהלְסְטוּ מִיר אַלְץ פון זִינְדִיגֶע מֶענְשֶׁין ? — דָאס אִיז אויך מֶענְשֶׁין ? לְמָשָׁל אַזוי וִויא דֶער לֶעהֶרֶער וָואס קוּמְט צו דִיר ! — דָאס רִיפְסְטוּ אויך אַן מֶענְשֶׁין ? — אַזא חַיָה דַארְף מֶען נָאר הָאבֶּען פַאר אַ נויט הלוואי זָאל מֶען עֶס נִיט דַארְפִין — וַויים אִיךְ אַמָאהל דַארְף מֶען אַ בְּרִיוֶועלֶע אִיבֶּער לֵייֶענֶען פון אַ פְּרִיץ אַ וֶועקְסִיל שְׁרַייבִּין — אָבֶער וַוייטֶער הֵייסְט דָאס אַמֶענְטְשׁ ? — מֶענְשִׁין הֵייסִין עֶהרְלִיכֶע יוּדֶען אָט אַזויא וִוּיא מַיין ר' טוביה שמעיה , אֵיין עֶהרְלִיכֶער יוּד מִיט אַ גְרָאוֶוער בָּארד אוּנ הִיט אָב אַלֶע תרי"ג מצות פון דֶער תּוֹרָה . —

(דער לעהרער קומט אריין אונ ווינקט צו אדעלען פון ווייטינס אקוש)

נוּט נַאוֶוענְט באבוניא !

**באנציע** נַאוֶועט , נַאוֶועט , גֶעהט גֶעהט

(אדעלע מיט דעם לעהרער זעצין זיך אנידער נעבין אטיש אונ קוקין אריין אין א בוך , ארעלע רופט זיך שטיל אן צום לעהרער)

וָואס זָאגְסְטוּ איננאץ דֶער צו , דִיא באבע הָאט שוין אַוֶעק גֶעשִׁיקְט דֶעם אַלְטִין קֵיין סאדיגירא מִיט מִיר אַ שִׁידוּךְ צו טָאהן .

**דער לעהרער** מאַך זיך ניט דערוויס, זאָרג ניט, דוא פערלאָז דיך נאָר אויף מיר איך וועל שוין טאָדינג אָפּאַרבייטען וויא ס'דאַרף צו זיין.

**באנציע** פערטיפט אין דיא פערדריץ פליקען) הלעבין, עס קאָסט מיך אַזויא פיל מיין אדעלע זאָל קענען, וויים איך, וויא זאָגט מען עס, דייטשעריש צו פראַנצעזעריש, הלוואי זאָל מען עס נישט דאַרפען, נאָר אין היינטיגער וועלט מוז מען דאָך האָבען — לאָם איך חאָטש וויסען צו קען זיא עפּעס, רעט ביידע הויך אונ ניט מיר מאַכי דאָס צו פאַרשטערן אין יודעשען!

**אדעלע** שיין — (צום לעהרער) אַלזאָ גיבט, עס נאָך איין אויסגאַנג פאָן דיעזער קריטעשען לאַגע?

**דער לעהרער** אָהנע צוויפעל! — שענק מיר נור דאָס פאָללע צוטרויען אונד איך ווערדע שאָן דיא זאַכע אין דער אָרדנונג ברינגען,

**באנציע** וואָס הייסט דאָס אין יודעשען?

**אדעלע** ס'הייסט אַז אַנדערש קען מען ניט זיין קיין עהרליכער יוד, ביז מיהיט נישט אָפּ אַללע תרי״ג מצות פון דער תורה, —

**באנציע** (פריילעך) אַדאָס שטעהט אויך אין אַייערע ביכלעך? וועהער שעהן — לאָנג לעבען זאָלסטו, נאַ, נאַ, רער ווייטער,

**דער לעהרער** אָבער ווער זאָלל איינעמלך ביין ברויטר נאם זיין ?

**אדעלע** געווים איין פאנאטיקער א....

**באנציע** וואס זאָגסטו, עפּיס א גאָקקעטער

**אדעלע** ס׳קומט דאָ פּאָר אין שטיאָם אז דער מענטש וואס מהוט זיך אוים פון אַלע מצות פון דער תורה איז געגליכען צו׳ן אַמענשען וואס איז נאַקעט אָן קליידער.

**באנציע** אַ דאָס שטעהט אויך אין דיא ביכלעך ? — לאַנג לעבען זאָלסטו — נאָ נאָ רעט ווייטער;

**דער לעהרער** דאָס איזט ווירקליך קוריאָז זאָגאַר לעכערליך ;

**אדעלע** פערשטעהט זיך ; — געווים איזט עס אין דומער קעריל !

**באנציע** זעהסטו אדעלע, אַ דאָס האָב איך שוין אויך אַביסעלע פאַרשטאַנען, דוא זאָגסט עס קערליך דאָס פאַרשטעה איך אויך, אַז דער צימים זאָל זיין כּשר נעם איך שטענדיג אַרוים פון דיא פלאָמען דיא קערליך, נאָר דאָס וואָס ער זאָגט עפּיס לעכלעך פאַרשטעה איך ניט — נאָך וואָס טויגן איהם דיא לעכלעך ?

**אדעלע** אָט אַזויא באַבוניא, צו ביכלעך צו ביסלעך וועסטו זיך אויך אוים לערנען צו פאַרשטעהן נעבין מיר.

**באנציע** גאָטט זאָלל מיך היטען, איך בין שוין אין אַלט מענש, איך דאַרף ניט האָבין דיינע לשונות.

**אדעלע** װער שמוסט באבוניא זאלסט נאך הערין אלידיל אויף דעם לשון װאלט דיר אוודאי געפעלין ,

**באנציע** נא נא פון מײנעט װעגין לאמיר הערין — װעקט עס מיר אבער געבין צו פאר שטעהן אין יודישען ?

**אדעלע** יא באבוניא ! — אנא הערר לעהרער זינגט נאר

(דער לעהרער נעמט אדעלען אן פאר דער האנד אינ זינגט צו איהר װעהרענד באנציע איז פאר-טיעפט אין דיא פעדערין פליקען)

װען דוא מיך ליבסט זא זעהר װיא איך דיך ליעבע
זא װייכט פאן מיר דער אונגעװיסהײט שמערץ
װען דוא מיך לאנסט מיט גלײכעס טריעבע ,
זא שטראהלט דיא מארגענרעהטע אין מײן װייכעס הערץ

א. ג. ה.

**באנציע** נא פרעג איך דיך אדעלע ! — האט עס אפילו א יודישען טעם ? — אז טוביה שמעיה האט מיר געזונגען המבדיל אדער אמר ד׳ ליעקב איז דאך מיר טאקי צו גאנגען אין איטליכעס אבר !

**אדעלע** ווייסטו פאר װאס דיר געפעלט עס ניט ? װייל דוא פאר שטעהסט עס ניט — זאלסט אבער װיסען װאס דאס באטייט װאלסטו אונגעטייעט !

**באנציע** נא אדרבא װאס באטייט עס ?

**אדעלע** אָט הֶער (ויא זינגט)

װֶען מִיר זאלִין נָאר בַּיים אֵייבֶּערְשְׁטֶען װֶערְט זיין
װִיא אוּנְזֶערֶע אבות אבותינו פון אַ מָאהל
װֶוען מִיר זָאלִין זיין פְרוּם אונ עֶהרְלִיךְ אונ פיין
װָאלְטִין מִיר זוכה גִיוֶוען צוּ זַיין אִין ארץ ישראל !

**באנציע** װָאס רֶעדְסְטוּ ? אַ דָאס שְׁטֶעהט אויךְ אִין דִיא בִּיכְלֶעךְ — זֶעהסְטוּ דֶער פַאר הָאבּ אִיךְ דִיךְ מַאכְי לִיעבּ, קום אַ הֶער אדעלע לָאמִיךְ דִיר גִיבֶּען אַקוּשׁ, אצִינְד בִּיסְטוּ װֶערְם,

(אין דער זעלבין צייט איז דער לעהרער אונטער גילאָפִין אונ האט זיך איינגיבויגין צו זאָגין באָנצען אַ גוטע נאכט, באָנציע מיינט אַרום צו חאפין אָדעלען, אונ האט אַרום געחאַפט דעם לעהרער אונ אַקוש געטאָהן)

**באנציע** (דערשראקין) מְפָא מְפָא ! װֶעה אִיז מִיר װָאס הָאבּ אִיךְ גֶעטוּהן, מְפָא, מְפָא !

(ויא רייבט זיך דאָס מויל)

װֶעה אִיז מִיר, אדעלע גִיבּ אַהֶער גִיבֶער אַ גְלָאז וַואסֶער לָאמִיךְ אוּיס שְׁוֶוענְקִין דָאס מויל

(אָדעלע געהט אוועק נאך א גלאז וואסער אונ לאכט) מְפָא, מְפָא

**טוביה שמעיה** (קומט אן) מזל טוֹב אַיךְ באנציע,

**באנציע** (שפייעט אף טוביה שמעיה'ס באָרד) מְפָא מְפָא ! װֶעה אִיז מִיר ! —

**טוביה שמעיה** אין אנוטער צ"גה אין אטלדינער ,

**באנציע** טפא , טפא ! מזל טוב מיט סנל וואלט איהר לעבען,
טפא , טפא ! ויא אזויא איז דאס צו געגאנגען — ווא[…]
איז מיר ! —

**טוביה שמעיה** וואס הייסט ! — בייא מיר וועט צו געה[…]
שווער — פארגעסט ניט אז איך האב אליין
געערעדט מיט דעם רעבין , —

**באנציע** אליין מיט דעם רעבין — טפא , טפא ! וועה איז מיר,

**טוביה שמעיה** אונ האב איהם טאקי געגעבין צו פערשטעהן
דיא איינענע זאך — איך זאג איהם רבי ! איהר
דארפט ניט פארגעסין אז באנציע איז אויך פון אשעהנער
משפחה גאלע עהרליכע יודען , חסידים

**באנציע** טפא , טפא !

**טוביה שמעיה** בכן דארף מען נישט שטעהן , מעהר וועניגער
עטליכע קערבלעך , נאר באנציע א חתנדיל האט
איהר נאר בלוט אונ מילך , א יונגעלע , נאר פאר דעם
קייסער צו שטעלין , פיל מיט יראת שמים מיט תורה, —

**באנציע** וואס זאגט איהר ? טפא , טפא !

**טוביה שמעיה** איך האב אליין געהאט מיט איהם א פלפול
איהר מעגט עס אוים הערין מיר האבין זיך
געשפארט איבער א שטיקעל מהרשיה האב איך זיך
געפרעגט סטייטש משמשע מכן . האט ער מיר גיענטפערט[…]

מכינטסי, מכעיסי, האב איך איהם געפרעגט, סטייט היתכן בגרמין יבקליפען, האט ער מיר גיענטפֿערט, מיקירינע מיפאצערינע, אזויא לאנג אזויא בבריים בין איך האב פאר שטאנען אז ער פאר שטעהט! אודאי זענט איהר גליקליך אז איהר געקט אבין אין שטוב צו־ג איך אזא ערהליך קינד! —

באנציע טפא טפא! אויף ווען האט איהר אפגעלעגט די חתונה? —

טוביה שמעיה אויף שבת בראשית!

באנציע טפא, טפא! —

טוביה שמעיה וואס? ס'געפעלט אייך ניט, איהר אליין האט זיך מיר געהייסין אזויא טוהן? — וואס זשע שפייעט איהר?

באנציע הי ר׳ טוביהנא, זאלט איהר מיר מאריך ימים ושנים זיין, איך האב אייך עפים געוואלט בעטין — איהר וועט זיך אוודאי נאך זיין ביים רבין זאלט איהר איהם טפא, טפא, בעטין ער זאל מיר ארוים געבין א תשובה — חלעבין איך בין ניט שולדיג איך זאל; אזויא ריין זיין פון צער וויא איך בין ריין אפילו פון א שלעכטער מחשבה — איך האב דא פריר געוואלט מיין אייניקעל ארעלען א קוש מהוו איז אונטער געשפרונגען אט דער — טפא, טפא! הלוואי זאל מען עס נישט באדארפין אט דער לעהרער — נא נא אונ וויא איך האב גיעפינט דאס טויל איז מיר דער גאנצער לעהרער אריין אין טויל אריין

טָפָּא, טְפָּא! וָועה אִיז מִיר, נָא אִיהר וֶועט עֶס טִיר
צוּ לִיעֶב טָאחן, אִיהר זֶענְט דָאךְ אַיין עהְרְלִיכֶער יוּד,
טְפָּא, טְפָּא! —

**טוביה שמעיה** עֶס אִיז אַקְלֵיינִיגְקֵייט! — מַחְשָׁבוֹתִין — וְויא אִיז אִיז דִיא כַּלָּה אדעלע?

(אדעלע קומט אריין מיט אַ גלאז וואסער אין דער האנד)

נַא באבוניא דִיר וַואסֶער,

**טוביה שמעיה** וָואס מִיר וַואסֶער — בְּרָאנְפֶען מִיט לֶעקִיךְ! מַזָל טוֹב דִיר, כַּלָּה לֶעבִּין, גָאטט זָאלל גֶעבֶּען דוּא זָאלְסְט ......

**אדעלע** וָואס אִיז דָא וָואס אִיז?

**באנציע** מזל טוב דִיר, בִּיזְט צוּ מַזָל אַכַּלָּה גֶעוָוארִין,

**אדעלע** אַי (אונ פאלט אין אונמאכט)

**טוביה שמעיה** אַדָאס אִיז אַיוּדֶענֶע. קיין שִׂמְחָה זָאגְט מֶען נִישְׁט אָן מִיט אַמָאהל!

**באנציע** אדעלע, וָועה אִיז מִיר.

(זיא פאכט איף איהר מיט דעם פארטוך זיא צו ראטיוען)

ענדע ערשטער אקט

---

# צווייטער אקט



(א גרויס צימער איבערגעטהיילט אין צווייען מיט שפאניער ווענטליך, איין העלפט שטעלט פאר א שלאף־צימער, אדעלע ליגט אנגעשפארט אויף א קאנאפע טרויעריג — דיא אנדערע העלפט שטעלט פאר באנציעס צימער אויף א טישיל ליגט א גרויסער טייטש חומש א בריל א פישקעלע טאבאקע און א בינטיל פארעם צו לייגען דיא קנייטלעך).

**אדעלע** (אליין) שְׁלֶעכְט פַאר מִיר, שְׁלֶעכְט! זַייט דִיא באבע הָאט נָאךְ אַרַיין גֶענוּמֶען אִין שְׁטוּב אַרַיין אִיהר גֶעלִיבְּטֶען טוביה שמעיהן אִיז מִיר נָאךְ עֶרְגֶער גֶעוָוארִין, דָא הָאבִּין זִיךְ גֶענוּמֶען אויף מַיין לֶעבִּין צְוַויא אַלְטֶע נַעֲרָנִים, שְׁלֶעכְטֶע, דֶעסְפָּאטֶען, עֶגאִיסְטֶען, וָואס הָאבֶען נָאר לִיב זֵייעֶר אֵייגֶען נֶפֶשׁ, אוּן דָאס אַנְדֶערֶע נֶפֶשׁ, אִיבֶּער הוֹיפְּט אַ יוּנְגֶס הָאט בַּייא זַייא גָאר קֵיין וָוערְט זַייא ווִילֶען מִיךְ נִישְׁט פַארְשְׁטֶעהְן, דִיא באבע ווִיל מִיךְ פַארְקוֹיפִין צוּ לִיעב אִיהר גְרֶעדִן אוּן ר׳ טוביה שמעיה צוּ לִיעב זַיין שַׁדְכָנוּת אוּן אַטְרוּנְק בְּרָאנְפִין, וָואס טְהוּט מֶען? אֵיין הָאפְנוּנְג אִיז מִיר גֶעבְּלִיבֶּען אויף מַיין איגנאצין, אויף מַיין פִיל גֶעלִיבְּטֶען איגנאץ, וֶועט עֶר מִיךְ נִיט אַרוֹיס

באַמֶווען פון דעם גהינם איז מיין לעבין גאר ניט וועהרט!
נאר איך גלייב מיר נישט אויף איהם איך ווייס אז ער
האט מיך זעהר, זעהער ליעב. אונ ער וועט אללע
מעגליכקייטין אנווענדען איך זאל זיין אונ בלייבען זיינע,
אט האב איך עבען פון איהם א בריף ערהאלטין לאס
איך זעהן וואס שרייבט ער מיר

(זיא נעמט פינים טישעל דעם בריעף אונ עפינט איהם —
אין דער זעלבען צייט קומט אריין באַנציע מיט אַ ווייביל אין דער
אנדערען זייט)

**באנציע** נארט ווארט אוים אביסעל נייביל, מיר האבין נאך
צייט לאמיך פריר אפזאגין ויתן לך, אונ דערנאך וועל
איך אייך ליגין קניימליך — אי, אי, אי, אז ס'קומט
דער ערב יום כפור האב איך גאר קיין רוה פון דיא
נייבער—נאר צו באנציען לויפען זייא קניימלעך לייגען,
קיין אנדערע קענען זייא גאר ניט — יאה, יאה, זעהער
רעכט נאר קיין מאנץ געהט ניט פאר קיין עסין —
באנציע איהר ויתן לך מאר ניט פעהלען;

(זיא טהוט אַקוש דעם „צאנה וראנה" אונ עפינט איהם, דאס
ווייבעל געהט דערווייל ארויס)

**אדעלע** אין איין זיים ציממער לייענט דאס ב"ח"עלע

מיינע מיר זא מהייערע אדעלע (פאר זיך) יאה, איך דיינע
מהייערע!

**באנציע** אין דעם אנדערין עק צימער לייענט

והנחש היה ערום אונ דיא שלאנג איז גיוועזין קלוגער

פון אַלֶע בֵּיימֶער פּתְּ׳ם גָארְטִין, הָאט זיא פֿאַרְשְׁטַאנֶען אַז זיא אִיז נַאקֶעט הָאט זיא זִיך אויף גֶעגֶעהם פֵייגֶען־בְּלֶעטֶער, אונ הָאט גִינֶעבִּין צוּ־ן־אִיהר מַאן, עֶר זָאלל אויך עֶסִין פוּנם עֵ׳ן הַדַעת

(זיא פֿארהיסט זיך)

**אדעלע** לייענט חייטער דאס בריוועלע

אִיךְ הָאפֶע, דָאס קְוֶועהלִין וִוירְסְט דוּא נִיכְט לֶענְגֶער מַיין, פָאן דֶעם פְּפֵיילֶען דַיינֶער לִיעבֶּע זָא מִיעף פֶערְוָואוּנְדֶעטֶעס הֶערְץ (פֿאר זיך) טִיעף פֶערְוָואוּנְדֶעטֶעס הָערְץ!

**באנציע** לייענט ווייטער אין סידור

פון אִינְוֶועניג מִיט פֶּעךְ אונ פון דְרויסִינְוֶועניג מִיט סְמָאלֶע, אונ דיא מְהִיר פון דֶער תֵּיבָה זָאלְסְטוּ מְהוּן אִין דֶער זַיים, הָאט נח גֶעפְלַאנְצְט אַ וַויין גָארְטִין אִין דֶער מערת המכפלה, כחם היום, אַז דֶער אֵייבֶּערְשְׁטֶער הָאט אַרוּים גֶעצוֹיגִין דיא זון פון אִיהר פִּיטֶערְפַאס. —

**אדעלע** לייענט ווייטע דאס בריוועלע

דיא שִׁיקְזַאל שְׁטוּנֶדע הָאט גִישְׁלָאגִין, עֶס אִיז דִיא הָעכְסְטֶע צַיים צוּ פְלִיהֶען, (פֿאר זיך) אַךְ צוּ פְלִיהֶען! —

**באנציע** לייענט ווייטער אין סידור

ויצא יעקב מבאר שבע וילךְ חרנה, אונ יעקב אִיז אַרוּים גֶעגַאנְגֶען פון חרן אונ אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין גרר, הָאט זִיךְ אִיהם גֶעחָלוּמְט וִויא דִיא מַלְאָכִים נִידֶערִין אַרוּיף אונ אונ אַרָאפּ אונ זַיין שְׁפִּיץ הָאט גֶעגְרֵייכְט בִּיז אִין הִימֶעל.

הָאט זִיךְ לוט'ס װייב אוּמְגֶעקוּקְט אִיז גִיוָוארִין פוּן אִיהר אַ טָאלְפֶּען זַאלְץ דֶער פַאר טָארִין דיא יוּדְען נִיטְּם עָסִין פוּנם שְׁפְּרִינְג אָדֶער ׳ —

**אדעלע** (לייענט דאם ברייוועלע הייטען)

יַא אדעלע מַיינֶע טְהַייעֶרֶע ! דִיא לִיבֶּע הָאט גֶעזִיגְט דֶער קַאמְפְף אִין מַיינֶע אִינֶערִין אִיסְט בֶּעעֶנְדֶעט ׳ (פַאר זיך) דֶער קַאמְפְף אִין זַיינֶע אִינְנֶערִין ! —

**באנצ׳יע** (לייענט וויטער)

וִויא אִין פָּסוּק שְׁטֵייט ויתרוצצו — אוּנ זַייא הָאבִּין זִיךְ גֶעשְׁטוּיסִין דִיא קִינְדֶער בקִרבּה אִין אִיהר בּוּיךְ ׳ אִיז זִיא נִיגַאנְגֶען פָאְרשְׁין בַּייא שם ועבר ׳ הָאט אִיהם דֶער אֵייזִיל צוּ גִיקְוֶועטְשְׁט דֶעם פוּס צוּ דֶער וַואנְד ׳ אִיז אַרוּים פּרץ מִיט זרח׳ן ׳ אֵיינֶער אִיז אַרוּים גָאלְדֶע מִיט הָאר ׳ הָאט מֶען אִיהם גֶעטָאהן אַרוּם בִּינְדֶען מִיט דֶעם רוּיטִ׳ן פָּאדִים ׳ אוּנ דֶעם אַנְדֶערִין הָאט מֶען אַװֶעק גֶעשִׁיקְט לָאעַזָאזֵל ·

**אדעלע** (לייענט וויטער)

יַא ארעלע מַיינֶע טְהַייעֶרֶע ! דַיין הִימְלִישֶׁער בְּלִיק ׳ דִיזֶעס אוּנְמוּטְהִיג לֶעבְלֶען ׳ פֶערְפָאלְגְט מִיךְ אִימֶער וואַבֶּענְד ׳ וִויא אוֹיךְ אוּם שְׁלַאפֶע ׳ דַיין גֶעטְלִיכֶעס בִּילְד זֶעה אִיךְ אוּם טְרוֹימֶע יַא מַיינֶע טְהַייעֶרֶע ! אִיךְ טְרוֹימֶע נָאר פוּן דִיר (פאר זיך) פָאן מִיר טְרוֹימְט ער ׳

**באנציע** לייענט וויטער

אוּנ סְהָאט זִיךְ יוספין גֶעחָלוּמְט אַ חָלוּם והנה אוּנ נוּן

מִיר בִּינְדֶען מִיט דִיא בְּרִידֶער סְנָאפֶּעס אִין פֶעלְד, והנה אִיז אוֹיפְגִישְׁטַאנֶגען מַיין סְנָאפּ אוּנ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהן הָאט׳עס דִיא בְּרִידֶער פַאר דְרָאסֶען, וֶוענֶען זַייא גִיגַאנְגֶען קוֹיפִין תְּבוּאָה צוּם מִשנה למלך פוּן מצרים, הָאט׳ער אִיבֶּער גֶעלָאזְט זַיין קְלֵייד בַּייא פּוֹטִיפֶעְרֶען, ווייל ס׳אִיז גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער הוּנְגֶער.

**אדעלע** ליינט ווייטער

עֶרְאִינֶערְסְט דוּא דִיךְ דֶען לֶעצְטֶען אַבְשִׁיעֶד דֶען שְׁוָאר דֶען דוּא מִיר גֶעשְׁוָוארִין דִיעֶזֶער וואהְרֶע הֵיילִיגֶע שְׁוָואר אִיזְט מַיינֶע גַארַאנְטִיא — (פִיר ויך) דִיזֶער שְׁוָואר? — אַה יָה!—

**באנציע** לייענט ווייטער

וִויא אִין פָּסוּק שְׁטֶעהט שִׂים תְּהִי נָא — אִיךְ בֶּעט דִיךְ — יָדְךָ דַיין הַאנְד — תַּחַת הִינְטֶער יְרֵכִי, מַיין דִיךְ — וְהַשְׁבִּיעֲנִי אוּנ דוּא זָאלְסְט מִיךְ בַּאשְׁוֶועהְרִין אַז דוּא זָאלְסְט טוּהֶען מִיט מִיר אַחסד של אמת, אוּנ אָנְזָאגִין דִיא בָּאבֶּעס זַייא זָאלְלִין קוּקֶען אוֹיפִין פָּארְם, אִיז דָאס אַ מָאכְטֶער זָאל מֶען זִיא אַרַיין ווארְפִּין אִין טַייךְ אַרַיין, אִיז דָאס אַ יוּדִישׁ קִינְד זָאל מֶען שִׁיקֶען נָאךְ יוֹכבדן זִיא זָאל אִיהם אָנְזַייגֶען ואני ערל — ווייל אִיךְ בִּין מִיט פַארְשְׁטָאפְּטֶע לֶעפְּצִין—

**אדעלע** לייענט ווייטער

אַדְיֶע מַיין מְהַייעֶרֶע! — אַלֶעס אִיז בֶּערֵייט צוּ אוּנְזֶער אַבְּרֵייזֶע, אִיךְ קָאמֶע אוּם אֵיין אוּהְר דִיךְ אַב צוּ הוֹילֶען, (פאר זיך) מִיךְ אַב צוּ הוֹלֶען.

**באנציע** לייענט ווייטער

אָבֶער מִיט דיין מוטֶער רחל הָאבּ אִיךְ נִיט אזויא גִיטהָעֶן
וויא דָען ; — אִיךְ הָאבּ גֶעצוּנֶדְען אַזוי לַאנְג בִּיז דָער
פְלַאם אִיז גֶעגַאנְגֶען פוּן זִיךְ נָעלָבֶּערְט . —

**אדעלע** לייענט ווייטער

דיין דיךְ אויףּ עֶוויג לִיבֶּענדֶער א י ג נ א ץ —

**באנציע** לייענט ווייטער

ובני דן חוּשים , אונ דִיא קִינְדֶער פוּן דָן זֶענִין חוּשִים .
ברוּךְ משנא , גִילוּיבְּט אִיז דַיין קָרָאבְּקֶע מִיט דַיין זוּיעֶר־
טֶייג , יְהִי רָצוֹן אוּנ דֶער ווִילֶען זָאל זַיין פוּן דִיר שִים
ברכה , הצלחה , והרוחה אוּנ מְהוּ אֵיין א בְּרָכָה אוּנ
אַ בַּאגְלִיקוּנְג אַ בְּרֵייטְקֵייט בכל מעשה ידינו אִין אוּנְזֶער
מַשָא וּמַתָּן אָמֵן סֶלָה . —

(זויא פֿארמאכט דעם סידור אונ טהוט איהם א קוש אונ רופט
אריין א ווייביל)

נָא קוּם שוֹין קוּם אַריין , לָאמִיךְ דִיר שוֹין אָפְּלֵייגְן דִיא
קְנֵייטְלִיךְ דַיין מִשְפחה קֶען אִיךְ זֶעהר גוּט , דִיא גִישְטָארְבֶּענֶע
אוּנ דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע .

1

שוֹין אָפְּגֶעקוּמֶען פַאר זַיינֶע זִינְד
אִיז דיין זֵיידֶע מַיין לִיבּ קִינְד
ווייל עֶר הָאט — אַזויא זָאגְט דִיא וועלט
גֶעהַאנְדֶעלְט תָמִיד מִיט פַאלְש גֶעלְד

געשטאָרבּן איז ער אין אײַזערנע קײטעלע ...
פֿאַר זײַן נשמה אַ קנײטעלע (װאָ ציהט אױס אַ פּעריס)
דרעה דעם פֿאָדים דרעה זשע שטאַרק .

אױ — אױױ —

2

שױן אָפּגעקומען פֿאַר איהרע זינד
איז צײטעלע דײן געשװעסטער קינד
װײל זיא האָט — אױױ האָט דיא װעלט גיזאָגט
בײם פֿריץ געכעכמינגט און געטאָנצט
פֿון אַקימפּעט איז געשטאָרבּן צײטעלע
פֿאַר איהר נשמה אַקנײטעלע
דרעה דעם פֿאָדים דרעה זשע שטאַרק

אױ — אױױ —

3

דײן פֿעטער איז געװען אַ פֿרום אַ רײך
גוטע יודען האָבּן איהם געקאָסט אַ סך
אין שטאָדט איז ער אַמאָל געװען
ביז דאָס שטעטיל האָט זיך אַרום געזעהן
און פֿאַרשיקט האָט איהם דאָס שטעטעלע
פֿאַר זײַן נשמה אַקנײטעלע
דרעה דעם פֿאָדים דרעה זשע שטאַרק

אױ - אױױ —

4

דײן מומע מײטע גידענק איך קלאָהר

איז אַמוֹיד גְיוֶועזין בִּיז 50 יָאהר
אוֹיף אִיהר זִיווג הָאט זִיא אַזוֹיא לַאנְג גְיוַוארְט
בִּיז דֶער מַארְךְ פוּנְם רוּקֶען הָאט אִיר אוֹיסְגֶעבְּרָאכְט
פוּנְם רוּקֶען אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען מֵיטֶעלֶע
פַאר אִיהר נְשָׁמָה אַ קְנֵייטֶעלֶע
דְרֶעה דֶעם פָּאדִים דְרֶעה זְשֶׁע שְׁטַארְק

אוֹי — אַזוֹי

5

אוֹים גֶעמֶעקְט הָאט זִיךְ פוּן יוּדִישְׁקֵייט
דַיין בְּרוּדֶער וָואס גֶעהט גוֹיִשׁ גֶעקְלֵייט
אַפָּאר טַאפְּלִים טְרָאגְט עֶר אוֹיף דֶער נָאז
אוּנ שָׁאבְּט אָפּ דִיא בָּארְד מִיט אַ שְׁטִיק גְלָאז
אוּמְגֶעוַואשִׁין עֶסְט עֶר אַ בְּרֵייטֶעלֶע
פַאר זַיין נְשָׁמָה אַ קְנֵייטֶעלֶע
דְרֶעה דֶעם פָּאדִים דְרֶעה זְשֶׁע שְׁטַארְק

אוֹי אַזוֹי

6

מִיט אִיהרֶע אֵייגֶענֶע הָאר גֶעהט דיין שְׁוֶועסְטֶער אַצִינְד
הָלֶעבִּין עֶס טְהוּט ..קֵיין יוּדִישׁ קִינְד
אוֹיף אַ חַתוּנָה הָאבּ אִיךְ זִיא אַלֵיין גֶעזֶעהן
מִיט דֶעם הַארְץ אִין דְרוֹיסִין אַזוֹי צוּ גֶעהן
אוּנ פַאר אִיהר בִּיזֶעם אַ קְוֵויטֶעלֶע
פַאר אִיהר נְשָׁמָה אַ קְנֵייטֶעלֶע
דְרֶעה דֶעם פָּאדִים דְרֶעה זְשֶׁע שְׁטַארְק

אוֹי — אַזוֹי —

אמאהר איז דיין שוואגער געווען
15 יאהר געהאנדעלט שיין ,
קרעדיט האט ער גיהאט ביי דער וועלט
ביז ער האט פאר נומען א סך געלד
אונ האט פלוצלונג געמאכט א פלייטהלע
פאר זיין נשמה א קנייטעלע
דרעה דעם פאדים דרעה זשע שטארק

— אוי — אזוי —

נא געה געה ווייבעלע דערלעב איבער איאהר , האסט א וואוילע משפחה

(זיא געהט אוועק)

**אדעלע** (בייא זיך אין צימער זיפצט) אוי — אוי —

**באנציע** (פון יענער זייט שפאניער ווענטליך) וואס איז דאס ? אדעלע מיין קינד , שלאפסט נאך גאר ניט ? וועה איז מיר איך ווייס גאר ניט וואס מיט דעם קינד איז געשעהן פון א צייט , גאר זיא רעט פונם שלאף דורך דיא נעכט , איך ווייס גאר ניט וואס מען מהוט דער צו , אדעלע ! אדעלע מיין קינד !

**אדעלע** אה ?

**באנציע** שלאפסט ניט ! —

**אדעלע** ניין באבע !

**באנציע** (נעהט אריבער צום איהר אין ציממער) וואס וְשֶׁע איז מים דיר מיין קינד, וואס פֶעהלט דיר? — פאר וועהמען קענסטו זיך קלאגין טען גיט פאר מיר, אז ס'פעלט דיר עפּים? —

**אדעלע** יא איך מוז דיר שוין באבע דערציילין איינמאהל פאר אלע מאהל

אוי באבע באבע אוי מיין לעבין
וואס איז דאס מיט מיר פאר א שטראף
אפנים וועה איך פאר מיר שוועבען
צו בין איך וואך צו אין זיסען שלאף *)

**באנציע** ליין קריאת שמע מאכטער מארגין היים איך
דיא מזוזות איבער זעהן
איין אלטער שכור צו עפּים וויים איך
האט דיר דעם וועג געמוזט איבער געהן.

**אדעלע** ניין באבע, ניין ס'איז דייקא א יונגער
מיט א הויכין הוט, אונ איז גראד ניט מיאוס
העטשקלעך טראגט ער אויף דיא פינגער
אונ געפוצטע שטיוועלעך אויף דיא פים

**באנציע** האלטין זאל זיך עם ביי אלע שונאים
אט דיא קליפּה וואס שרעקט מיין קינד
זאג מיין טאכטער ויהי נועם

*) פאראדיע אויף Наяна

שפּיא אוים דרייא מאהל און שלאף גיזונד

**אדעלע** ניין באבע נײן ס'איז נישט קיין קליפּה
איך זעה דאך אידם אפּט בייא אונז אין שטוב
דוא זאלסט אזויא דערלעבן מיין חופּה
וויא ער האט געשוואָרן אז ער האט מיך ליב

**באנציע** ווער מיר געשוואוירין? — אזויא לאנג זאכט ער
וואס מיר ליב? — נאט איז מיט דיר
פאלג מיך און געהניץ אפּ מיין טאכטער
געהאפּט האסטו א גוט אויג דאכט מיר

**אדעלע** אגוט אויג, — ניין דאס איז גוטע צוויא
דאס איז צוויא אויגען פול געפיהל
וויא שטערין אין הימעל לייכטען זייא
זייא לייכטען שטיל און ריידען פיעל!...

**באנציע** אויגען ריידען? — נא וויא האלט מען אוים, —
מאכי נאר פון היץ רעט עפּים מיין קינד
פונם סטאטשיק וואקס נעהם איך אראוס
אויפין קעפּעלע אוים גיסען דיר געשווינד

**אדעלע** ניין באבע דיין מגולה וועט דא ניט האלטען
ווייל נישט אין קאפּ ליגט נאר מיין שמערץ
טיעף ליגט ער בייא מיר באהאלטען
אט דא, אט דא, אט דא אין הערץ

**באנציע** דאס איז א דבוק, וועה איז מיין לעבן
מארגן פארסטו צום רעבין מיט מיר

אויף אַ גוטען פְּריון וָועל איךְ איהם גֶעבּן
אַרויס טְרַייבֶּען דֶעם דִבּוק מוז עֶר פון דיר

**אדעלע** גֵיין באבע, גֵיין סְ'איז נִישְׁט קֵיין דִבּוק
דָאס אִיז אַמֶענְטְשׁ דָאס אִיז אַמַאן
דָאס איז טַאקֶע מַיין אֶמֶתֶר זִיווּג
מָארְגֶען מוּזֶן דִיא תְּנָאִים זַיין

**באנציע** אָן אַ שַׁדְכֶן תְּנָאִים? – אַ וַוייטִיג איז דֶער באבע
הָאבּ עֶס גָאר נִישְׁט פַאר שְׁטַאנֶען איךְ אַלְטֶער נַאר
הָאבְּט אִין מִיר אָן גֶעוָואוּירֶען עולם הבא
גָאט זָאל דיר נִיט בַּאצָאהלֶען דֶער פַאר.

**אדעלע** יָא באבע, יָא סְ'איז נִיט קֵיין דִבּוק
דָאס אִיז אַמֶענְשׁ, דָאס וֶועט זַיין מַיין מַאן
דָאס איז טַאקֶע מַיין אֶמֶתֶר זִיווּג
מָארְגֶען וֶועלִין דִיא תְּנָאִים זַיין.

**באנציע** (מיט כעס) גֵיין אדעלע דוא וֶועסְט עֶס נִיט פוּיֶעלִין מַיין
מִשְׁפָּחה וֶועסְטוּ נִישְׁט פַאר פְלֶעקִין מִיט אַזוינֶע דייטְשֶׁעְרִישֶׁע
גֶענְג! גֵיין.

**אדעלע** (מיט פֿארדרוס) גֵיין באבע דוא וֶועסט עֶס בַּייא מִיר אויךְ
נִיט פוּיֶעלִין אַז איךְ זָאל נֶעמֶען דֶעם וָואס אִיךְ
וִויל נִיט, אִיךְ וָועל נֶעמֶען דֶעם וָואס איךְ וִויל וָואס אִיךְ
הָאבּ לִיבּ!

**באנציע** וָועה אִיז מִיר, אונ וָועה אִיז צו מַיינֶע אויעֶרִין

טָאס הָערין דָאס , וָועמֶען ליב , אוּם גָאטֶעס ווילֶען!

**אדעלע** דָאס אִיז מַאקֶע מַיין לֶעהבֶּער יָאה מַיין לֶעהבֶּער בָער פַיינֶער אִינְגָאנץ —

**באנציע** אָט דֶער טְפָּא , טְפָּא ! (ויא שפייט אויס) אָט דֶער — נָאט זָאל מִיךְ נִישְׁט שְׁטְרָאפִין פַאר דִיא רֵייד ? — אָט דָער — הלוואי זָאל מֶען עֶס נִישְׁט בֶּארְפִין ? אָט דֶער חִישׁ טָאס טְפָּא , טְפָּא ! דִיא גְרִינֶע גַאל קֶעהְרְט זִיךְ אִיבֶּער —

**אדעלע** וֶועסְט מִיר אִיהם נִישְׁט פַאר מִיאוּסִין ! --

**באנציע** נָא אִיךְ וֶועל מִיט דִיר שׁוֹין אַנְדֶערְשׁ טְהוּן !

**אדעלע** וָואס טְהוּן ? — דוּא מֵיינְסְט אִיךְ וֵוייס נִיט ? מֶען הָאט מִיר דֶער צֵיילְט אַז מִיט מַיין מַאמֶען הָאסְטוּ אוֹיךְ אַזוֹיא גִיטָאן , . זִיא הָאט גִיוָואלְט נֶעמִין אַמֶענְטְשׁ נָאךְ אִיהר הַארְץ , אוּנ דוּא הָאסְט זִיא גֶעגֵייט צוּ נֶעמֶען דֶעם וָואס דוּא הָאסְט גִיוָואלְט — אוּנ זִיא אִיז אָמֶת יוּנְג פוּן דֶער וֶועלְט גִיגַאנְגֶען — אָה גֵיין מִיט מִיר וֶועסְט דוּא אַזוֹינֶע זַאכֶען נִישְׁט פִיהרֶען , —

**באנציע** נוּארְט אִיךְ וֶועל דִיר ווייזִין וֶוער עֶלְטֶער אִיז אַז אַמֵיידֶעל טָאר קֵיין דֵעה נִיט הָאבֶּען בֵּייא אַזוֹינֶע זַאכֶען — אִיךְ וֶועל דִיךְ פַארְשְׁלִיסֶען פוּן אַצוּנְד אָן אִין שְׁטוּבּ אַז דוּא וֶועסְט מֶעהר אוֹיף דֶער לִיבְּטִיגֶער גָאס נִיט אַרוֹיס קוּקֶען וִויא זֶענֶען עֶרְגִיץ דִיא שְׁלִיסֶעל ?

(ויא נעהמט אוועק זוכען דיא שליסעל , איגנאץ קוממ אָן פֿון דער אַנדערער זייט , אונ אַנטלויפט מיט אַרעלען)

**אדעלע** (ביים אנטלויפן) אַדְיֶע באבוניא! —

(באנציע דער הערט איהר קול סעהרט ויך אום אג ט׳עלט זיא שוין נישט)

**באנציע** אדעלע, אדעלע, וֶועה איז מִיר!

(זיא פאלט אין אונמאכט)

ענדע צווייטער אקט

---

# דריטער אקט

---

(באנציע ליגט קראנק אונ שואך אין א בעטיל אויף א קליין טישעל נעבין איהר בעט א גלאז וואסער דער צאנה וראינה ליגט אפען, זיא פרובט זיך אויף הייבין אריין קוקין אין סידור נאר זיא פאלט שוואך צוריק זיא קרעכטצט אונ זיפצט קראנקליך, אין צימער איז פינסטער נאר א ליכט צאקנט אין א לייכטעריל)

**באנציע** וָואס אַלְט איז נִישְׁט יוּנְג! — יוּנְגֶערְהֵייט אַז עָס אִיז אויף מִיר אֵיין אוּמְגְלִיק גֶעקוּמֶען, הָאבּ אִיךְ׳ס גְרִינְג אִיבֶּער גֶעטְרָאגִין, דִיא צַייט אִיז מִיר שְׁלֶעכְט גֶעוֶוען, נָא וָואס הָאבּ אִיךְ דָאס גֶעהֶערְט! — אַקִינְד אִיז בּייא מִיר גִישְׁטָארְבִּין, נָא הָאבּ אִיךְ זִיךְ גֶעטְרֵייסְט, גֶעלְד אָנִיר גֶעוָוארִין, אָפְּגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארִין, אַלְדִינְג הָאבּ אִיךְ אִיבֶּער גֶעטְרָאגִין אוּנ אוּיס גֶעהַאלְטִין — נָאר הַיינְט,

הײנט — דיא מינדעסטע דאגה, דיא קלענסטע צרה פֿריקענט מיר אויס מײן לעצט ביסיל מארך פֿון דיא ביינער אונ מאכט מיך געפֿעהרליך קראנק.

(זיא היסט אונ זיפֿצט)

עלענד בין איך געבליבען אויף דער עלטער, עלענד וויא א שטײן, מײן אײנציגע טאכטער איז אויסגעגאנגען בײא מיר אויף דיא הענד אונ האט מיר איבער גילאזט דאס קינד דיא אדעלען! — פֿריר גאט אונ דערנאך דוא!... זענען גיוועזען איהרע לעצטע ווארטע צו מיר פֿארין טױט — איך האב דאס קינד גענומען איך האב עס אפּ געהיט וויא מײן אויג אין קאפּף, דאס איז געוועזען מײן טרייסט אויף דער עלטער! — איך האב גערעכינט אין איהר נחת האבען, חתונה מאכען איהר וויא דער סדר ישראל איז אונ אלט אין אײנעם אוועק פֿאהרין קיין ארץ ישראל, נאר וויא איז זיא אצונד? זיא איז ערגעץ אוועק אונ איך וויים ניט וואו! — וועה איז מיר וואס פֿאר אתירוץ וועל איך ענטפֿערין מײן טאכטער אז איך וועל קומען אויף יענער וועלט אונ זיא וועט מיך פֿרעגין — וואו האסטו היגגעטוהן מײן קינד. וויא איז מײן אדעלע? — דיא יתומה האב איך דיר איבערגעלאזט צו דיא הענד — גיב זיא מיר אפּ אדער זאג מיר וויא זיא איז? — וויא איז זיא? איך וויים! — איך בין שוין קראנק זונדיג איך ביז שוין געוועזען אויף מײן טאמענס קבר אײן עהרליכער יוד געווען איך האב געוויינט פֿאר איהם ער ענטוועדט מיר ניט איך האב שוין אײן געווארפֿען צ׳ פעמים חי אין

ר׳ מאיר בעל נס פּישקעס קבר, איך בין שוין געוועזן בייא אלע מכשפים קארטענוואַרפערינס אַלע זאָגען מיר דאָ לעבט נאָר זייא ווייסען ניט וויא זאָ איז,

(וויא היסט אונ זיפצט)

יאָ אדעלע איך האָב געזינדיגט פאר דיר! איך בין שולדיג אין דיין אַנטלויפען וואָס האָט מיך דער נוטער יאָהר געטראָגען איך זאָל מיך בייזערן אויף דיר! איך זאָלל דיך ניט דערלאָזין טהון וואָס דוא ווילסט — אַבייטש נאָ לאָז אדייטש! — וואָס איז זייא זענין דען קיין מענטשין נישט איך וויים, איך בין פון דער אַלטער וועלט מן הסתּם האָסטו דאָך פאַר שטאַנען אַז אַזויא איז רעכט — נאָר זייא זשע מיר מוחל מיין טהייערע אדעלע! נאָ לאָז שוין זיין מיט דעם דייטש אבי קום צו מיר — קום צו מיר לאָם איך דיך האָטש נאָך איין מאָהל אָנקוקען פאר מיין טויט אונ דיינע טהייערע פינגערלעך זאָלין מיר צו מאַכין דיא אויגין אויף אייביג וועל איך רוהיגער קענען שטאַרבען,

(וויא היסט קרענקליך אונ קרעכצט)

נאָר וואָס האָב איך צו טענין! — דיא זאַך איז פארפאַלין (זיא ווייטער אוי ס'איז נאָך ניט פאר מיין כח אַצונד איין איבריג וואָרט צו ריידין איך בין שלאַף .... עפּיס פאַלט אויף מיר אַ שלאָף .... אַנגסען בעשלאָגין מיך .... ס'איז מיר שלעכט .... ס'איז מיר ניט גוט — אדי

(וויא ווערט אנטשלאָפין)

**א בת־קול** דֶער פַאר וָואס דוּא הָאסְט גֶעזִינְדִיגְט אוֹיף דֶער וֶועלְט בִּיסְטוּ נִיט זוֹכֶה גֶעוֶוען בַּיים לֶעבְּין צוּ זֶעהן ארץ ישׂראל, אוּנ נִישְׁט זֶעהן מֶעהר דַיין אֵיינֶעקִיל — נָאר אַשָּׁעה פַאר דַיין טוֹיט וֶועסְטוּ זֶעהן אַ חָלוֹם, אִין עֶרְשְׁטִין חָלוֹם וֶועסְטוּ זֶעהן ארץ ישראל — אוּנ אִין צְוֵויישֶׁען וֶועסְטוּ זֶעהן אדעלען מִיט אִיהר מַאן.

**באנציע** (חאַפּט זיך אויף פֿערשלאַפֿין) אַ בת קוֹל עֶפִּים הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט אַ זִיס קוֹל, אַזַא שְׁרֶעקְלִיךְ קוֹל אָה!

(זיא ווערט ווידער אנטשלאָפֿין)

(אין דער טיעף פֿון דער ביהנע עֶפֿענט זיך אַ וואַנד, דאָס בילד שטעלט פֿאָר ר׳ מאיר בעל נס קבר, אַרום אַבלאַם פֿייער זיטצען ארץ ישׂראל יודען אונ זינגען שטיל)

**איינער**
על קבר זה פה נתלונן
פה, אחי, פה נקונן

**קאהר**
מר לנו אחינו
אויה, אויה על שברנו

**איינער**
על אדמת קודש נתלונן
על חורבן מקדש נקונן

**קאהר**
מר לנו אחינו
אויה, אויה, על שברנו

**איינער**
בכה נבכה על חורבן
אין לנו עולה ואין קרבן
זכור ה׳ זכור מה היה לנו
אין לנו מלך

**קאהר**
אין אין

**איינער**
אין לנו נביא

**קאהר** אין אין

**איינער** אין לט פעט

**קאהר** אין אין

**איינער** אליך ה׳ השיבנו
כקדם חדש ימינו

**קאהר** אליך ה׳ השיבנו
כקדם חדש ימינו

**באנציע** (חאפט זיך אויף פארשלאפין) ארץ ישראל ! צדאָק רוה
גרויסער גאטט געבעטער .

(זיא ווערט ווידער אנמעכטיג)

(דאס בילד ענדערט זיך פון וויטינס זעהט מען ארעלען מיט
אינגאצען אומגעארעמט אין חופה קליידער בעלייכטעט מיט
בענגאליש פייער)

באנציע מיט איהר ביסעל כוחות הייבט זיך אויף איז טהוט
א געשרייא ניט מיט איהר קול ארעלע ! ....

(פאלט טויט צוריק)

# ענדע



# קאטאלאג פון נייע טעאטער ביכער

איבינגע ליעדר. ארנשטיין 12
אוריאל אקאסטא. פון לערנער 25
אחשורוש. פון גאלדפאדען 20
אידישער פריץ. פון שײקעוויץ 20
אלגעמיינער סטרייק. פון ה. שטיפע 15
אמעריקאנער ארבייטער. פון יעקב סער 10
אסתר'קע. פון עפּעלבערג 25
אשה רעה. 25
באבע מיט'ן אייניקעל. פון גאלדפאדען 20
בית דוד. 25
בן הדור. הורוויץ 25
בלימעלע. [illegible]
בר כוכבא. פון גאלדפאדען 25
געבירער [illegible] פון י. גארדאן
גאט מענש און טייפעל. פון י. גארדאן 50
דאקטאר אלמאסאדא. פון גאלדפאדען 20
דארא. פון שלעפענשטיין 25
דבורה'לע מיוחסת. י. גארדאן 20
דוד אין דער וויסטע. פון עפּעלבערג 20
דודס פידעלע. 25
דער קאמפף. פון ה. שטיפע 15
הדסה די חרוצה. 25
הערצעלע מיוחס. 25
ווילדע פרינצעסין. פון י. גארדאן 30
וועבער. 30
זשידאווקא. פון לערנער 25
חאשע די יתומה 30
חינקע און פינקע. 20
יהודית ואלפערנוס. פון לערנער 20
ידען. פון טשיריקאוו 35
כישוף מאכערין (צויבערין). פון גאלדפאדען 25
כל נדרי. 20
לא תחמוד. פון גאלדפאדען 25
מירעלע אפרת. פון י. גארדאן 30
מישקע און מאשקא (אדער די איראפעיער אין אמעריקא).
מליץ יושר (רבי יאנקעלמאן). 20
מערעא. פון גארדאן. 20
משוגעים הויז. פון ד. פינסקי 5
משיח'ם צייטען. פון ש. אש 25
נאכ'ן [illegible]. [illegible] משירוני 15
עקדת יצחק. 25
עתליהו. 25
פאלשער משיח. (דוד אלראי) 20
פא[illegible]ליע צבי. פון ד. פינסקי 15
צוזיט אין צו שפּייען. פון שלום עליכם. [illegible]
צוויטער המן. 25
קאבצענזאהן און הונגערמאן. גאלדפאדען 20
קוני לעמל. 20
קאקעטקע דאמע שײקעוויץ. 20
רעפעטיציע קאמעדיע אין צוויי אקטען. פון א. רייזען 10
שולמית פון גאלדפאדען 25
שוועסטער. פון י. ל. פרץ 15
שלום בית. 25
שלמה גאגל. 20
שמענדריק. פון גאלדפאדען 10
שפאנישע אינקוויזיציע. 20
שפרינצע די מעקלערין. 20

צו בעקומען אין בוכהאנדלונג:

**Я. Лидскій**, Варшава, Налевки **36.**